# נאציאנאלע ארבייטען אין ארץ ישראל.

---

דער באַשלוּס פֿוּן דער שלום קאָנפֿערענץ אין סאַן רעמאַ פֿוּן ו׳ אייר תר״ף (24-טען אַפּריל 1920), האָט ענדליך געשאַפֿען אַ פּאָליטישען יסוד פֿאַר׳ן אויפֿבוי פֿוּן אַ אידישען ארץ ישראל. דוּרך דעם דאָזיגען באַשלוּס איז ענדגילטיג געלייזט געוואָרען דער יוּרידישער אוּן פּאָליטישער טהייל פֿוּן דער באַזעלער פּראָגראַם, וועלכע זאָגט קלאָר אוּן דייטליך, אַז „דער ציוניזם באַצוועקט צוּ שאַפֿען פֿאַר׳ן אידישען פֿאָלק אין ארץ ישראל אַ עפֿענטליך רעכטליך געזיכערטע היים". דוּרכדעם איז די ריזיגע פּאָליטישע אַרבייט, וועלכע דער גאונ׳ישער גרינדער פֿוּן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ד״ר הערצל, האָט אָנגעהויבען אין יאָהר 1897, צוּ אַ גליקליכען סוף געבראַכט געוואָרען. די צוויי גרויסע פּאָליטישע פֿיהרער חיים ווייצמאַן אוּן נחום סאָקאָלאָוו האָבען גלענצענד געענדיגט דיעזע גרויסע פֿאָלקס אַרבייט, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפֿיהרט אין אַ משך פֿוּן 23 יאָהר מיט אַלע כחות אוּן מיט דער גרעסטער ענערגיע. די גרויסע פֿאָלקס־בעגייסטערוּנג, וועלכע עס האָט אַרויסגערוּפֿען די בשוּרה אין אַלע עקען וועלט, וואוּ נאָר עס געפֿינען זיך אידען, ווייזט אוּנז קלאָר, אַז דאָס אידישע פֿאָלק זעהט אין דעם די התחלה פֿוּן אַ נייער היסטאָרישער עפּאָכע אין ארץ ישראל, דעם אָנהייב פֿוּן דער אידישער גאולה. דאָס לאַנד, וואָס האָט קיין מאָל ניט אויפֿגעהערט צוּ זיין דער צענטער פֿוּן אוּנזערע נאַציאָנאַלע געפֿיהלען אוּן שטרעבוּנגען, מוּז פֿוּן איצט אָן ווערען אויך דער צענטער פֿוּן אידישען **לעבען**, דער מיטעלפּוּנקט פֿוּן אידישער נאַציאָנאַלער **ווירקליכקייט**.

אָבער אַזאַ ריזיגע אויפֿגאַבע פֿאָדערט אויך ריזיגע אָנשטריינגוּנגען. עס מוּזען נייע וועגען אויסגעטראָטען ווערען. די מעטאָדען פֿוּן ביז איצטיגען ישוּב אין ארץ ישראל זיינען ניט מעהר גענוּגענד,

די אַרבייט מוז זיך אָנהויבען אין אַ ברייטען מאַסשטאַב פֿון אַ מלוכה־אַרבייט. דאָס גאַנצע פֿאָלק, אַלע קלאַסען, גרופען און פּאַרטייען מוזען זיך אין דער אַרבייט באַטהייליגען. עס מוז מאָביליזירט ווערען אידישע אַרבייט צוזאַמען מיט אידישען קאַפּיטאַל און אַלע אידישע טעכנישע כחות.

עס טאָר אויף קיין רגע ניט פֿאַרגעסען ווערען, אַז די פּאָליטישע אַנערקענונג פֿון אַ נאַציאָנאַלען לעבען אין ארץ ישראל, באַקומט נאָר דאַן אַ לעבעדיגע בעדייטונג, ווען דאָס פֿאָלק וועט וויזען אין טהאַט, אַז ס'איז ביי איהם באמת אַ לעבענס פֿראַגע. די הסכמה, וואָס די וועלט האָט דערצו געגעבען, איז בלויז די אויסערע זייט, און דעם אינהאַלט קאָן נאָר אַריינגיסען נאַציאָנאַלע אַרבייט, וועלכע דאַרף געטהון ווערען אויסשליסליך פֿון אונז אַליין. פֿון אונזער איבערגעבענהייט, פֿון אונזער מסירות נפש אַליין הייגנט באמת אָפּ די צוקונפֿט פֿון ארץ ישראל.

אַלץ וואָס איז ביז איצט געשאַפֿען געוואָרען דורך אידישע הענד אין ארץ ישראל איז בלויז אַ גאַנץ קליינער אָנהויב פֿון דער אַרבייט, וואָס עס דאַרף געטהון ווערען. עס איז בלויז אַ מין הקדמה צו אַ גרויסער, אמת'ער פֿאָלקסאַרבייט, וואָס מוז דורכגעפֿיהרט ווערען אַזוי גרויס, ווי גרויס עס זיינען אונזערע שטרעבונגען און האָפֿנונגען.

פֿאַר'ן אידישען פֿאָלק, וועלכער צעהלט איצט ביז 15 מיליאָן נפשות, הויבט זיך איצט אָן זיין „עליה השלישית". עס מוז דעריבער געשאַפֿען ווערען אַ ריכטיגער קאָלאָניזאַציאָנס אַפּאַראַט, וועלכער זאָל זיין בכח צו בעדיענען צעהנדליגער טויזענדער און אפשר הונדערטער טויזענדער עולי ארץ ישראל. אַ געוואַלדיגע אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט שטעהט פֿאַר אונז פֿאָר, געוואַלדיג צוליב דער גרויסקייט פֿון אונזער אויפֿגאַבע און געוואַלדיג אויך צוליב די פֿיעלע מיטלען און כחות, וועלכע זיינען נויטיג. מען מוז דערביי געדענקען, אַז אויב אין די לעצטע יאָהרען האָבען אַלע פֿעלקער אין דער וועלט אָנגעווענדעט אַלע זייערע כחות פֿאַר דער אַרבייט פֿון צושטערונג און האָבען מאָביליזירט אַלע זייערע כחות פֿאַר צוועקען פֿון פֿערניכטונג, איז איצט אונזער מאָביליזאַציע אַ מאָביליזאַציע פֿאַר אַ פֿריעדליכער, שאַפֿענדער פֿאָלקס-אַרבייט, פֿאַר דער טיבה

פֿין פֿאָלק און פֿאַר אַ הייליגען צוועק אין אונזער אייגען לאַנד און אַזאַ ליעבע אַרבייט טאָר פֿאַר קיינעם פֿון אונז ניט שווער זיין.

אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל.

ווען מיר רעדען וועגען אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל מיינען מיר דערביי צוויי מאָמענטען: ערשטענס די שאַפֿונג פֿון אַ אידישען רוב אין לאַנד און צווייטענס — אַ רוב פֿון פּראָדוקטיווע עלעמענטען, וועלכע זאָלען קענען עקסיסטירען דורך די פֿרוכט פֿון זייער אייגענער אַרבייט. ס'איז קלאָר, אַז כל זמן מיר האָבען ניט אין ארץ ישראל קיין רוב מענשען איז אונזער צוועק ניט דערגרייכט; אונזער נאַציאָנאַלער צענטער איז דאַן נאָר אַ טעאָרעטישער; אונזער פּאָזיציע איז ניט געזיכערט. כל זמן מיר זיינען אין ארץ ישראל אַ מיעוט פֿון 10—12%, איז אַלץ וואָס מיר שאַפֿען דאָרט מעהר ניצליבער פֿאַר אונזערע שכנים, ווי פֿאַר אונז אַליין. ווען דורך אונזערע מיטלען זאָלען איצט געשאַפֿען ווערען וועגען, האַפֿענס, בעוואַסערונגען א. ד. ג. וועט דאָס הייסען, אַז מיר פֿערשטאַרקען הויפּטזעכליך די לאַנדסבעפֿעלקערונג, צווישען וועלכע מיר ווערען בטל ברוב. פֿון דעם מאָמענט אָבער, ווען מיר האָבען אין ארץ ישראל אַ מיליאָן אידען, דאַן איז די טובה, וואָס מיר ברייגגען פֿאַר'ן לאַנד הויפּטזעכליך די טובה פֿון אונזערע ברידער, ווייל די אינטערעסען פֿון לאַנד זיינען שטענדיג די אינטערעסען פֿון רוב פֿאָלק, וואָס איז מכריע אין צאָהל. די גרעסטע מעהרהייט פֿון די, וואָס זיינען מכריע דאַרף אָבער באַשטעהן גראָד פֿון די פּראָדוקטיווע כחות פֿון אידישען פֿאָלק. פֿאַר דער מלחמה האָבען מיר געהאַט אין ארץ ישראל אַן ערך פֿון הונדערט טויזענד אידען און צווישען זיי האָבען זיך געפֿינען ביז 65 טויזענד נפשות, וואָס האָבען געלעבט פֿון חלוקה און פֿון נדבות, וואָס זיינען געקומען פֿון אויסלאַנד און נאָר 35 טויזענד זיינען בעשטאַנען פֿון פּראָדוקטיווע עלעמענטען, און דיעזע 35 טויזענד פֿונ'ם ישוב החדש האָבען געשאַפֿען אַלץ, וואָס מיר פֿערמאָגען איצט אין ארץ ישראל און געלייגט דעם גרונדשטיין פֿון אונזער נאַציאָנאַלען צענטער. זיי — די קאָלאָניסטען, אַרבייטער, האַנדווערקער, לעהרער, סוחרים, האָבען געשאַפֿען די 43 אידישע קאָלאָניעס, וואָס האָבען אַ יאָהר פֿאַר דער מלחמה געהאַט דעם ייערטה פֿון

2,500,000 פֿונט און זייער יעהרליכע הכנסה איז געווען אַן ערך פֿון 200,000 פֿונט. זיי האָבען געשאַפֿען די העברעאישע שולען, די גימנאַזיעס און גורם געווען, אַז העברעאיש זאָל ווערען אַ לעבעדיגע שפּראַך. זיי האָבען געשאַפֿען די „ועדים" אין די קאָלאָניעס און אין די שטעדט, וועלכע זיינען דער אָנהויב פֿון אונזער זעלבסטפֿערוואַל־טונג; זיי האָבען געשאַפֿען דעם „משפט העברי", וועלכער איז דער אָנהויב פֿון אונזער אייגענער יוסטיץ. זיי האָבען געשאַפֿען אידישע קונסט, אידישע פּרעסע א. ז. וו. דאַגעגען האָט דער אונפּראָדוקטי־ווער אַלטער ישוב, וועלכער איז צוויי מאָל אַזוי גרויס, כמעט גאָר ניט געשאַפֿען. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די גרויסע צאָהל פֿון ירושלים'ער, טבריה'ר און צפת'ר ישיבות זיינען אפילו אויפֿ'ן גע־ביעט פֿון למוד התורה געבליבען אויך זעהר וועניג פּראָדוקטיוו און ווען מ'נויטיגט זיך אין אַ גאון און אין אַ ראש ישיבה מוז מען איהם אַריינבריינגען פֿון ליטאָ, פּוילין, גאַליציע אָדער פֿון ערגעץ אַנדערש. מיט אַ חלוקה אידענטום, מיט איינגעוואַנדערטע מאַסען, וואָס לעבען נאָר אויפֿ'ן חשבון פֿון צדקה, וועלכע זיינען אָפּהייננגיג נאָר פֿון נדבות, וועלכע באַטהייליגען זיך אַליין ניט אינ'ם אויפֿבוי פֿון לאַנד און וועלכע פּראָדוצירען ניט — וועלען מיר פֿון ארץ ישראל קיין אידישעס לאַנד ניט מאַכען. די צאָהל פֿון די איינוואַנדערער איז זעהר וויכטיג, אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ.

### ווי פֿיעל מענשען קען ארץ ישראל אַריינעהמען?

מ'פֿרעגט זעהר אָפֿט: וויפֿיעל מענשען קען ארץ ישראל אַריינ־נעהמען? אין דיעזער הינזיכט עקסיסטירט אַ זעהר גרויסער חילוק הדעות. עס שיינט אָבער, אַז די גאַנצע פֿראַגע האָט נ י ט קיין פּראַקטישע בעדייטונג. ביז איצט האָבען מיר נאָך ניט געפֿונען אַ מאָס דערצו אין דער געשיכטע פֿון אַנדערע לענדער. מיר ווייסען אָבער, אַז אין די לעצטע יאָהרען פֿאַר דער מלחמה האָבען געלעבט אויף איין קוואַדראַט מייל: אין בעלגיען 650 מענשען, אין ענגלאַנד — 618, שאָטלאַנד — 160, איירלאַנד — 135, שפּאַניען — 105, אייראָפּע־אישע רוסלאַנד — 75, ארץ ישראל — 30, אַראַביען — 10. ס'איז דער־ביי בעוויזען געוואָרען, אַז שפּאַניער און איירלענדער האָבען ניט געלעבט בעקוועמער און רייכער פֿון ענגלענדער אָדער בעלגיער,

חאָטש די לעצטע צוויי לעבען גערדיכטער. דער ענגלענדער און דער בעלגיער האָבען זיך בעקוועם איינגעאָרדנעט בלויז דורכדעם, וואָס זיי האָבען אַריינגעלייגט מעהר קראַפֿט און מעהר ענערגיע אין אויסנוצען די נאַטורקרעפֿטען. אַזוי וועט בלי ספק אויך זיין מיט ארץ ישראל. די צאָהל פֿון מענשען, וואָס דאָס לאַנד וועט קענען אַריינגעהמען וועט אָפּהייננגען פֿון דער אַרבייט, וואָס מ׳וועט אין לאַנד אַריינלייגען און דערפֿון ווי ווייט מ׳וועט אויסנוצען די נאַטור־רייכ־טימער. ס׳איז אָבער קלאָר, אַז ווען צוריק מיט 2,000 יאָהר האָבען דאָרט געקענט לעבען פֿון $2\frac{1}{2}$ ביז 3 מיליאָן מענשען, וועלען איצט, ביי די נייע טעכנישע מעטאָדען פֿון לאַנדווירטשאַפֿט און אינדוסטריע קענען לעבען, וויניגסטענס, פֿינף און מעהר מיליאָנען מענשען.

אויף די פֿראַגען, אין וועלבער צייט קען אונזער ערשטע אויפֿ־גאַבע געלייזט ווערען און ווי גרויס קען זיין די אידישע אימיגראַציע אין די ערשטע יאָהרען, איז די תשובה, אַז דאָס הייננגט לחלוטין אָפּ פֿון אונז אַליין. עס ווענדעט זיך אין די מאַטריעלע און טעכנישע מיטלען, וואָס די אידען וועלען אַריינברענגען פֿאַר דעם אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל. ביי קלענערע מיטלען וועט מען דעם ערשטען מיליאָן אידען קענען באַזעצען אין אַ משך פֿון 25־30 יאָהר און ביי רייַ־כערע מיטלען וועט מען די זעלבע צאָהל קענען באַזעצען אין אַ משך פֿון 15 ביז 20 יאָהר. עס הענגט אויסשליסליך אָפּ פֿונ׳ם ווילען פֿון אידישען פֿאָלק.

### צוזאַמענשטעלונג פֿון דער באַפֿעלקערונג.

אונזער ערשטע אויפֿגאַבע פֿאַר׳ן אויפֿבוי פֿון אַ נאַציאָנאַלען צענטער איז צו באַזעצען אין ארץ ישראל אַ בעדייטענדע צאָהל פּראָדוקטיווע אידישע עלעמענטען, וועלכע זיינען פֿאַרטראָטען אין אַלע צווייגען פֿון לעבען. די צוזאַמענזעצונג פֿון דער באַפֿעלקערונג דאַרף זיין אַ נאָרמאַלע, ווי אין אַלע נאָרמאַלע לענדער און ניט ווי די אידישע קבוצים אין גלות. פֿאַר דער מלחמה האָבען זיך צווישען יעדע 1000 רוסען געפֿונען 743 מענשען, וועלכע האָבען געצויגען זייער חיונה פֿון לאַנדווירטשאַפֿט און 38 פֿון האַנדעל, וועהרענד פֿון יעדע 1000 רוסישע אידען האָבען זיך 387 באַשעפֿטיגט מיט מסחר און בלויז 36 האָבען געלעבט פֿון לאַנדווירטשאַפֿט. דאָס

וויזט דייטליך, אַז דאָס אידישע לעבען אין רוסלאַנד איז ניט נאָר־מאַל און פון אַזאַ צוזאַמענגעזעצטעם פאָלקס לעבען קען מען קיין נאַציאָנאַלע היים ניט שאַפען.

די גרונדלאַגע פאַר אַ נאָרמאַלער ווירטשאַפט סיסטעם פון אַ פאָלק, וואָס וויל פעסט זיצען אויף זיין נאַציאָנאַלען באָדען, וואָס וויל האָבען אַ געזיכערטע מעגליכקייט פון אַ נאָרמאַלען פאָלקס־לעבען אין זיין לאַנד, מוז ליגען אין דעם, וואָס וויינינגסטען די העלפט פון דער באַפעלקערונג דאַרף באַשטעהן פון מענשען, וועלכע שאַפען פראָדוקטען פון דעם באָדען פון לאַנד, ווי פערשיעדענע מינים געטריידע און פראָדוקטען פון פעלווירטשאַפט, פערשיעדענע פרוכטען און גערטנעריי פראָדוקטען, פראָדוקטען פון פלאַנצונגען און בוימקולטורען. גלייכצייטיג מיט די פראָדוקטען פון באָדען שטעהען אין ענגען צוזאַמענהאַנג די פראָדוקטען פון פיה־האַלטונג, מילכווירטשאַפט, געפליגעל־צוכט א. ד. ג. אָט די ערשטע פראָדוקטען פון דער נאַטור, וועלכע דיענען אַלס נאַהרונגס-מיטעל און אַלס רויה־שטאָף פאַר אַלע אַנדערע אינדוסטריען, ווי למשל: בוימוואָל, בוראַקעס, פלאַקס, האָלץ, בלומען א. ד. ג. — איז אומעדום דער יסוד פון אַ פאָלקס־ווירטשאַפט און דאָס מוז ווערען אויך דער יסוד פון אונזער פאָלקס־ווירטשאַפט אין ארץ ישראל. דאָס איז נאָכמעהר וויכטיג פאַר ארץ ישראל, ווייל דאָס לאַנד איז געבענשט מיט אַ פרוכטבאַרען באָדען, גוטען קלימאַט, גענוג וואַסער און אַזוי פיעל זון־שיין, אַז ביי גוטער, טעכנישער בעאַרבייטונג און ביי ױעניגענדער אָנווענדונג פון מענשליכע כחות, קען די לאַנדווירטשאַפט ווערען דער גרעסטער אוצר פאַר דער באַפעלקערונג.

באַזונדערס וויכטיג איז די בענוצונג פון דער לאַנדווירטשאַפט אַלס גרונדלאַגע פון דער פאָלקסווירטשאַפט אין ארץ ישראל דערמיט, וואָס אַנדערע אוצרות, וועלכע בילדען געוועהנליך דעם רייכטום פון לאַנד, ווי לאַגער פון אייזען, קוילען און מעטאַלען, זיינען ביז איצט ניט געפונען געוואָרען. דער באָדען מיט'ן רייכען קלימאַט איז דער אוצר און דאָס מוז אויפ'ן בעסטען אופן אויסגענוצט ווערען.

אַלס נאָרמאַלע צוזאַמענזעצונג קען מען בעטראַכטען אַזעלכע, ווען האָטש אַ העלפט פון פאָלק איז זיך עוסק מיט לאַנדווירטשאַפט,

אַ דריטעל — מיט האַנדווערק און אינדוסטריע, פֿון 7 ביז 10 פראָצענט — מיט האַנדעל און טראַנספּאָרט און דער איבעריגער טהייל דאַרף באַשטעהן פֿון בעאַמטע, לעהרער, דאָקטוירים א. ד. ג. ווען מיר ווילען אַריינברענגען אַ מיליאָן אידען אין ארץ ישראל, דאַן וואָלטען מיר געדאַרפֿט זאָרגען דערפֿאַר, אַז די צוזאַמענשטעלונג זאָל זיין אויף דעם פֿאָלגענדען אופן: 500,000 נפשות וואָס זאָלען זיין באַשעפֿטיגט אין פֿערשידענע צווייגען פֿון לאַנדווירטשאַפֿט, 300,000 אין אינדוסטריע און האַנדווערק, 75,000 אין האַנדעל און טראַנספּאָרט, און די איבריגע אין אַדמיניסטראַציע און פֿרייע פּראָפֿעסיאָנען.

דער היוצא לנו מזה איז, אַז ניט אַלע עלעמענטען פֿון איצטיגען גלות לעבען קענען ביים אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל גלייך פֿערנוצט ווערען. ווען מיר זאָלען צוזאַמעננעהמען אַלע אידען, וועלכע זיינען באַשעפֿטיגט ביי געטריידע־בוי, פֿלאַנצונגען, טאַבאַק־בוי, גערטנעריי, געמיזע ווירטשאַפֿט און מילנעריי, דאַן קענען מיר קוים צוזאַמענשטעלען אַזאַ צאָהל, ווי עס נויטיגט זיך צום אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל.

אין דער גאַנצער וועלט געפֿינען מיר בלויז פֿון 325 ביז 350 טויזענד אידישע נפשות, וועלכע זיינען באַשעפֿטיגט אין פֿערשידענע צווייגען פֿון לאַנדווירטשאַפֿט (200,000 אין רוסלאַנד, 25,000 אין אַמעריקאַ, 20,000 אין אַרגענטינאַ, 50,000 אין עסטרייך און קלענערע צאָהלען אין אונגאַרען, רומעניען, קאַנאַדאַ, און אַנדערע לענדער). מען קען אַלע פֿעהיגע אידישע עלעמענטען פֿון לאַנדווירטשאַפֿט פֿאַרווענדען אין ארץ ישראל. דאָס זעלבע איז אויך מיט די בוי האַנדווערקער פֿון אומעטום. דאַגעגען קען מען גאָר ניט אָנהויבען צו דענקען, אַז מען זאָל קענען געפֿינען באַשעפֿטיגונג פֿאַר די 475 טויזענד אידישע פֿאַמיליעס (וואָס באַשטעהען פֿון 2,000,000 נפשות), וועלכע זיינען באַשעפֿטיגט געווען פֿאַר דער מלחמה אין דער קליידער אינדוסטריע אין רוסלאַנד. די הונדערטער טויזענטער נפשות, וועלכע האָבען אין רוסלאַנד געפֿונען זייער פּרנסה אין שניידעריי, שוסטעריי, הוטמאַכעריי און אַנדערע צווייגען פֿון קליידער אינדוסטריע, וויל זיי האָבען געדיענט דעם פֿערברויך פֿון די פֿיעל מיליאָנען מענשען אינ'ם גרויסען רוסלאַנד; אין ארץ ישראל אָבער

קענען די בעלי מלאכות און די פֿאַבריקאַנטען רעכענען נאָר אויף דעם ארץ ישראל מאַרק, וועלכער איז נאָך גאַנץ קליין.

ווען מיר רעדען פֿון אַ נאָרמאַלער צוזאַמענזעצונג פֿון אידישען פֿאָלקס־לעבען אין ארץ ישראל און מיר זאָגען, אַז דאָרט איז איצט ניטאָ קיין נויטווענדיגקייט אין אַ גרויסער צאָהל שניידער, שוסטער א. ד. ג., הייסט עס ניט, אַז ארץ ישראל דאַרף ניט האָבען קיינע שניידער, שוסטער; דאָס הייסט נאָר אַז דער שאַנס איז פֿאַר אַ שניידער אָדער אַ שוסטער פֿיעל קלענער איידער פֿאַר אַ מענשען, וואָס פֿאַרשטעהט און איז צוגעוועהנט צו לאַנדווירטשאַפֿט און צו דער זעלבער צייט, ווען פֿון 100 טיכטיגע גערטנער קענען אַלע 100 געפֿינען אין ארץ ישראל באַלד אַרבייט, קענען פֿון הונדערט שניידער בלויז 2 אָדער 3 זיך איינאָרדנען. דאָס זעלבע איז אויך מיט אַנדערע פּראָפֿעסיעס. דעריבער איז נויטיג, אַז כדי מ'זאָל אין ארץ ישראל שאַפֿען אַ נאָרמאַל לעבען, רעגולירען די איינוואַנדערונג און אַריינברייגנען נאָר אַזעלכע עלעמענטען, וועלכע קענען עקסיסטירען פֿון זייער אַרבייט. ווען די איינוואַנדערונג זאָל געהען אַליין פֿאַר זיך, דאַן שטעהט די סכנה, אַז עס וועלען אַריינפֿאָהרען טויזענטער מענשען, וועלכע וועלען קיין פרנסה ניט געפֿינען און עס וועט געשאַפֿען ווערען אַ נײַ חלוקה לעבען; אַ בעפֿעלקערונג וואָס וועט לעבען אונזעלבסטשטענדיג אויפֿ'ן חשבון פֿון צדקה פֿון אויס־לאַנד און דער סוף וועט זיין, אַז אַסך פֿון זיי וועלען זיך מאַטערען און מוזען פֿאַרלאָזען דאָס לאַנד. אַזאַ אימיגראַציע וואָלט פֿאַר אונז געווען אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אומגליק און וואָלט צושטערט די האָפֿנונג פֿון שאַפֿען אַ אידישען צענטער.

נאַציאָנאַלע ווירטשאַפֿט.

אין עקאָנאָמישען לעבען פֿון יעדען לאַנד מאַכט מען אַ אונ־טערשיעד צווישען נאַציאָנאַלע און פּריוואַטע ווירטשאַפֿט. נאַציאָנאַלע ווירטשאַפֿט ווערט ווייטער איינגעטהיילט אין שטאַאַטס און אין מוניציפּאַל ווירטשאַפֿט. אין אונזער פֿאַל פֿון אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל וועט נאַציאָנאַלע ווירטשאַפֿט אין זיך כולל זיין אַלע אונטערנעה־מונגען, וועלכע ווערען געשאַפֿען פֿון פֿאָלקס מיטעל, ווי דער נאַ־ציאָנאַל פֿאָנד און אַלע אַנדערע ספּעציעלע פֿאָנדען, איבער וועלכע

דאָס גאַנצע אידישע פֿאָלק צוזאַמען האָט די דעה און ניט יחידים, ווייל דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט עס געגרינדעט און דערצו בייגעשטייערט.

מיר ווילען איצט דאָ הויפטזעכליך בעריהרען דעם חלק פֿון אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל, וועלכער מוז געמאַכט ווערען דורך נאַ־ציאָנאַלע ווירטשאַפֿט. ס'איז זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז מיר דאַרפֿען זיך בענוצען מיט די בעסטע ווירטשאַפֿטליכע מעטאָדען און זעהען דערביי אויסמיידען די אַלטע מעטאָדען פֿון עקספלאָאַטאַציע, וועלכע זיינען שטענדיג געווען די הויפט סבות פֿון אונצופֿרידענהייט און אונרוהען. בעיקר דאַרפֿען מיר ניט דערלאָזען, אַז יחידים זאָלען בעלי-בתי'עווען איבער גרויסע שטיקער ערד. עס דאַרף אין אַלגעמיין אַזוי איינגעאָרדנעט ווערען, אַז יעדער זאָל האָבען אַזאַ שטח ערד, וועלכען ער איז פֿעהיג מיט זיינע אייגענע קרעפֿטען און מיט די קרעפֿטען פֿון זיין פֿאַמיליע צו בעאַרבייטען. אַזוי ווי גראָד אַזאַ קלאַס מענשען האָבען געוועהנליך זעהר וויינג מיטלען צו שטעלען זיך אַליין אויף די פֿיס, דאַן מוז דער פלאַן דורכגעפֿיהרט ווערען מיט דער הילף פֿון נאַציאָנאַלע מיטלען. דעם באָדען וועט מוזען געבען דער נאַ־ציאָנאַל פֿאָנד אין פֿאָרם פֿון אַ לאַנגיעהריגע אַרענדע. די הוצאות אויף נויטיגע פֿאַרבעסערונגען אָדער פֿאָרבערייטונגען בנוגע דעם באָדען, וועלען אויך גענומען ווערען פֿון נאַציאָנאַלע מיטלען און דאָס נויטיגע געלד פֿאַר בויען די נויטיגע בנינים און אינווענטאָר וועט אויך געגעבען ווערען פֿון נאַציאָנאַלע מיטלען אין פֿאָרם פֿון אַגראַר קרע־דיט. פֿונ'ם קליינזיעדלער זעלבסט וועלען פֿערלאַנגט ווערען בלויז גאַנץ קליינע מיטלען, כדי ער זאָל אויך זיין פֿאַראינטערעסירט אין דער ריזיקע פֿון דער אַרבייט. די הויפטזאַך וועט זיין די פּאַסענדע אַ ר ב י י ט ס ק ר אַ פֿ ט. ער מוז זיין פֿאָרבערייטעט צו דער לאַנד־ווירטשאַפֿטס אַרבייט און איינזעהען, אַז זיין גאַנצע עקזיסטענץ היינגט אָפּ פֿון די רעזולטאַטען פֿון זיין אַרבייט. אויף דיעזען אַרבייטספֿעלד איז דאָ וויינג פלאַץ פֿאַר פריוואַט איניציאַטיווע און דער ערפֿאָלג היינגט לחלוטין אָפּ פֿון דער קוואַליטעט פֿון מענשען־מאַטעריאַל און דערפֿון ווי גרויס עס וועלען זיין די מיטלען פֿון די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס— דער נ אַ צ י אָ נ אַ ל פֿ אָ נ ד, די ב אַ נ ק פֿ אַ ר אַ ג ר אַ ר ק ר ע ד י ט און ק אָ ל אָ נ י ז אַ צ אָ נ ס פֿ אָ נ ד.

מיר ווילען דאָ נאָר גאַנץ קורץ באַריהרען איינעם פֿון די

פלענער, וועלכע זיינען פֿון פֿערשיעדענע פּאַבלייט פֿאָרגעשלאָגען געוואָרען און וועלכע שטימען כמעט אַלע איין אין דעם פרט. אַלם ביישפיעל וועלען מיר דאָ בריינגען די מיינונג פֿון איינעם פֿון די וויכטיגסטע מומחים, דר. רופּין, וועלכער האָט אין זיין לעצטען בוך „אויפֿבוי דעם לאַנדעם ישראל" געמאַכט פֿאָלגענדען פלאַן פֿאַר די ערשטע 500,000 אידען, וואָס זאָלען זיך באַזעצען אין ארץ ישראל אויף גרונד פֿון לאַנדווירטשאַפֿט.

כדי צו שאַפֿען אַ נאָרמאַלע עקזיסטענץ מעגליכקייט און צו באַזעצען אַ האַלבען מיליאָן נפשות אויפ'ן באָדען, מוז מען רעכענען, אַז פֿאַר יעדע פֿאַמיליע דאַרף געשאַפֿען ווערען אַ בעזונדערע ווירטשאַפֿט. רעכענדיג אומגעפֿעהר 4 אין אַ פֿאַמיליע מוזען געשאַפֿען ווערען 120,000 ווירטשאַפֿטען.

די איינטהיילונג פֿון פֿערשיעדענע אַרטען פֿון לאַנדווירטשאַפֿט דענקט רופּין אַזוי:

1) 30 טויזענד בויערענווירטשאַפֿטען צו 100 דונאַם באָדען פֿאַר יעדען — 3,000,000 דונאַם.

2) 30 טויזענד קליינזיעדלער צו 15 דונאַם באָדען פֿאַר יעדען — 450,000 דונאַם.

3) 30 טויזענד הויזלער (וואָס באַזיצען אַ קליינע אייגענע ווירטשאַפֿט און זיינען טהיילוויז באַשעפֿטיגט אַלם לוין־אַרבייטער) צו 10 דונאַם באָדען פֿאַר יעדען — 300,000 דונאַם.

4) 24 טויזענד פּלאַנצונגען פֿון 50 ביז 100 דונאַם פֿאַר יעדען — 1,800,000 דונאַם.

5) 6 טויזענד גרויסע פּלאַנצונגען פֿון 70 ביז 200 דונאַם פֿאַר יעדען — 810,000 דונאַם.

בסך הכל — 120,000 ווירטשאַפֿטען אויף אַ שטח פֿון 6,550,000 דונאַם.

אַזוי ווי ארץ ישראל פֿאַרנעהמט מינדענסטענס 30 מיליאָן דונאַם פֿון וועלכע, ווי מ'גלויבט, 2 דריטעל זיינען פּאַסענד פֿאַר געטריידעבוי און פּלאַנצונגען, דאַן זעהט מען, אַז דער נויטיגער באָדען צו שאַפֿען 120,000 ווירטשאַפֿטען פֿאַר 500,000 נפשות איז אַ דריטעל פֿון דעם באָדען וואָס איז פּאַסיג פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿט. רופּין'ס פלאַן איז בארעכענט, אַז דער גרעסטער טהייל פֿון

דער אידישער לאַנד באַפֿעלקערונג מוז באַשטעהן פֿון אַ „ישוב עובד" ד.ה. פֿוןווירטשאַפֿטען אין וועלכע די אַרבייט וועט דורכגעפֿיהרט ווערען דורך די קאָלאָניסטען אַליין מיט דער הילף פֿון זייערע פֿאַמיליעס. געדונגענע אַרבייט דאַרף אָנגעווענדעט ווערען בלויז אין אויסנאַהמס פֿעלע אָדער אין סעזאָן־צייט. פֿון 120 טויזענד ווירט־שאַפֿטען רעכענט רופין, אַז 90 טויזענד וועלען זיין אויפֿ'ן יסוד פֿון „ישוב עובד". דאָס מיינט, אַז פֿאַר 90 טויזענד ווירטשאַפֿטען מוז דער גרעסטער טהייל פֿון די מיטלען געשאַפֿען ווערען. פֿון 80 ביז 90 פּראָצענט וועט מוזען צוגעשטעלט ווערען פֿון נאַציאָנאַל פֿאָנד, אַגראַר באַנק און קאָלאָניזאַציאָנס פֿאָנד און דעריבער קען די רעדע נאָר זיין פֿון נאַציאָנאַלער ווירטשאַפֿט און פֿון געזעלשאַפֿטליכער איניציאַטיווע.

כדי צו בעקומען דעם באָדען און איהם פֿאַרבערייטען דאַרף מען האָבען אַ סומע פֿון 17 מיליאָן פֿונט (לויט דעם פֿאַר מלחמה פּרייז).

אויסער דעם באָדען מוז מען אויך האָבען ביי די ווירטשאַפֿטען הייזער, שטאַלען, שייערס, אינוועטאַר א. ז. וו. דר. רופין רעכענט אויס, אַז דיזע הוצאות פֿאַר יעדער ווירטשאַפֿט דאַרפֿען זיין (לויט די פֿאַר מלחמה פּרייזען):

גרופע 1 — 260 פֿונט.
" 2 — 200 "
" 3 — 140 "

צוזאַמען מאַכט עס אַ סומע פֿון $17\frac{1}{2}$ מיליאָן פונט.

פֿאַר פֿאַרזאָרגען די ווירטשאַפֿטען פֿון די גרופען 1 ביז 3 מיט פֿלאַנצונגען איז נויטיג אַ סומע פֿון ווייטערע 5 מיליאָן פֿונט.

רעכענט מען אַלע סומען צוזאַמען, דאַן קען מען זעהען, אַז כדי צו דורכפֿיהרען דעם פּלאַן פֿון באַזעצען 90 טויזענד פֿאַמיליעס, וועלכע זאָלען זיך באַשעפֿטיגען מיט לאַנדווירטשאַפֿט, איז נויטיג אַ סומע פֿון $39\frac{1}{2}$ מיליאָן פֿונט.

דערמיט ענדיגען זיך אָבער נאָך ניט די נויטיגע אויסגאַבען. פֿאַר יעדער ווירטשאַפֿט דאַרף מען האָבען בהמות, פֿערד, אָקסען, אייזלען, ציגען א. ז. וו. אויסערדעם דאַרף מען אויך האָבען עופות. און דאָס פֿאָדערט ווידער אַ סומע פֿון קרוב צו 5 מיליאָן פֿונט.

דאַן מוז מען אויך האָבען אינסטרומענטען, אַקערס, וואָגענס, מאַשינען, הויז מעבעל א. ד. ג. און דאַרויף ברויכט מען אנ'ערך פון 3 מיליאָן פונט.

כדי צו פיהרען די ווירטשאַפטען מוז מען נאָך האָבען אומזאַטץ־קאַפּיטאַל, וועלכער דאַרף דערגרייכען ביז $3\frac{3}{4}$ מיליאָן פונט.

בסך הכל באַטרעפען אַלע הוצאות פון די 90 טויזענד לאַנדווירטשאַפטען די גרויסע סומע פון צוויי און פופציג מיליאָן פונט.

די פרייזען, ווי געזאָגט, זיינען לויט די פאַר דער מלחמה פרייזען.

די פרייזען אויף אַלץ זיינען זייט פאַר דער מלחמה שטאַרק געשטיגען אין דער גאַנצער וועלט און אין ארץ ישראל איז דער יקרות ניט קלענער, ווי אין אַנדערע לענדער. מ'דאַרף רעכנען, אַז אויסער די קליינע סומען, וועלכע דער „ישוב עובד" וועט באַזיצען וועט מען זיך באמת נויטיגען אין אַ סומע פון גאַנצע 100 מיליאָן פונט.

מאַכענדיג דעם חשבון האָבען מיר אויסגעלאָזען די גרופען 4 און 5, ווייל זיי זיינען מעהר באַרעכענט פאַר פריוואַט אונטערנעהמער (אחוזות און גרויסע פלאַנצונגען), וועלכע וועלען אַליין מוזען זאָרגען פאַר זיך.

אָבער אויך די פריוואַט אונטערנעהמער וועט מען מוזען העלפען, ווי עס געהט אָן אין דער גאַנצער וועלט, מיט לאַנגיעהריגען קרעדיט. און ווען מען וויל גאַנץ זיכער זיין געגען לאַנד ספעקולאַציעס און געגען גרויסען גרונד באַזיץ, וועט מען אויך מוזען פאַר די צוויי גרופען פריוואַט אונטערנעהמער פערשאַפען דעם באָדען דורך דעם נאַציאָנאַל פאָנד, ד. ה. דער גאַנצער באָדען מוז ערוואָרבען ווערען דורך דעם נאַציאָנאַל פאָנד און אָפּגעגעבען ווערען אויף אַרענדע אויף אַ צאָהל יאָהרען. ווען מיר נעהמען אָן, אַז דער נויטיגער באָדען פאַר די גרופען 4 און 5 זאָל ערוואָרבען ווערען פון נאַציאָנאַל פאָנד מיטלען, דאַן קומט צו נאָך 2,880,000 דונאַם באָדען, וואָס מאַכט אויס, אפילו ביי דעם ביליגען פאַר מלחמה פרייז, אַ סומע פון זעקס מיט אַ האַלבען מיליאָן פונט. ביי איצטיגע פרייזען איז עס ניט וויניגער פון צעהן מיליאָן פונט.

פֿון דעם חשבון זעהען מיר, אַז כדי צו שאַפֿען דעם ווירט־שאַפֿטליכען יסוד אין ארץ ישראל און באַזעצען אויפֿ'ן לאַנד אַ האַלבען מיליאָן נפשות, זיינען נויטיג ניט ווייניגער פֿון הונדערט און צעהן מיליאָן פֿונט.

די סומע פֿון הונדערט און צעהן מיליאָן פֿונט איז אַ קאָלאָסאַלע פֿון אַ שטאַנדפּונקט פֿון אַ יחיד, אָדער פֿון אַ גלות שטאַנדפּונקט.

אָבער די סומע דאַרף ניט זיין צו גרויס פֿאַר אַ פֿאָלק, וואָס וויל אויפֿלעבען און שאַפֿען אַ היים וואָס זאָל זיין אַ ביישפּיעל פֿאַר דער וועלט. די אַרבייט איז ניט פֿאַר אַ יאָהר אָדער צוויי, נאָר פֿאַר אַ גאַנצען דור און מיר דאַרפֿען זיך שעצען גליקליך, אויב אונזערע קינדער וועלען קענען פֿערענדיגען דיעזע הייליגע פֿאָלקס אַרבייט.

עפֿענטליכע אַרבייטען.

אויבען האָבען מיר אָנגעוויזען, אַז ביי אַ נאָרמאַלען פֿאָלקס לעבען געפֿינען ביז 30 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג פּרנסה אין דער אינדוסטריע און האַנדוועדק. ביי אַ נאָרמאַלען ישוב פֿון אַ מיליאָן אידען, מוז מען רעכענען אַז 300,000 וועלען געפֿינען באַ־שעפֿטיגונג אין פֿאַרשיעדענע מלאכות און אין פֿאַבריק אַרבייט. אויף דיעזען גרויסען אַרבייטספֿעלד האָט אין דער פֿערגאַנגענהייט די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפֿט געשפּיעלט אַ גאַנץ אונבעדייטענדע ראָלע. די הויפּט קראַפֿט פֿלעגט דערצו געבען די פּריוואַט איניציאַטיווע. פֿאַר די לעצטע צייט אָבער ווערט דער קרייז פֿון מלוכה אַר־בייטען און שטאָדטישע אונטערנעהמונגען אַלץ גרעסער און גרעסער און אַסך גרויסע פּריוואַט אונטערנעהמונגען, וועלכע זיינען נוגע אַ היבשען טהייל פֿון דער בעפֿעלקערונג, געהען איבער אין די הענד פֿון דער מלוכה און ווערען נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ז י ר ט. פֿון דעם באַל־שעוויסטישען רוסלאַנד איז דאָך שוין אָפּגערעדט — די גאַנצע אינ־דוסטריע איז דאָרט איצט נאַציאָנאַליזירט. אָבער אויך אין אַנדערע לענדער, ווי ענגלאַנד, אַמעריקאַ, פֿראַנקרייך און איטאַליע — איבעראַל איז די טענדענץ, אַז אַזעלכע אונטערנעהמונגען, ווי אייזענבאַהנען, האַפֿענס, וואַסערווערק א. ד. ג. זאָלען איבערגעהן צו דער מלוכה. אין מאַנכע לענדער געהט לעצטענס אויך אָן אַ שטאַרקער קאַמפּף פֿאַר נאַ־ציאָנאַליזירונג פֿון קוילענגרובען, אוילקוואַלען און אַנדערע ערד אוצרות.

אין דער ערשטער רייהע דאַרפֿען ביי אונז קומען אין בעטראַכט די גרויסע עפֿענטליכע אַרבייטען, וועלכע זיינען פֿאַרבונדען מיט דער וואסערווירטשאַפֿט פֿון ארץ ישראל. דאָס מיינט די בעוואַסערונג, ענטוואַסערונג פֿון זומפּען און אויסנוצונג פֿון וואַסערקראַפֿט. די פֿראַגע פֿון בעוואַסערונג איז איינע פֿון די וויכטיגסטע אין ארץ ישראל, וואו דער רעגען פֿאַלט בלויז אין אַ משך פֿון פֿינף חדשים אין יאָהר און ס'איז גאָר ניט משער צו זיין, וואָס פֿאַר אַ גרויסע ראָלע דאָס מוז שפּיעלען אין דער אויפֿלעבונג פֿון פּראָדוקציע. אין ארץ ישראל רעכענט מען, אַז פֿאַר אַ קאָלאָניסט מיט זיין פֿאַמיליע איז נויטיג 100 דונאַם אונבעוואַסערטע ערד, כדי זיך מפרנס צו זיין, אָבער מיט בעוואַסערונג איז שוין גענוג בלויז 15 דונאַם, און דר. סאָסקין גלויבט, אַז מיט בעוואַסערונג זיינען 5 ביז 6 דונאַם אויך גענוג.

די בעוואַסערונג פֿון ארץ ישראל איז די הויפּט קוועלע פֿון רייכטהום און די גרונדלאַגע פֿאַר אַ מאַסענקאָלאָניזאַציע. אין מצרים האָט דאָס אויסנוצען זיך מיט די וואַסערען פֿון נילוס געשאַפֿען זעהר גרויסע רייכטהימער און געענדערט דעם גאַנצען מצב פֿון לאַנד און ס'איז קיין ספק ניט, אַז די בעוואַסערונג פֿון ארץ ישראל וועט דאָס לאַנד ווידער פֿערוואַנדלען אין אַן „ארץ זבת חלב ודבש". צוליעב דיעזער סבה איז אויך פֿון העכסטער וויכטיגקייט דער קאַמפּף, וואָס מיר פֿיהרען אָן איבער די צפֿון גרעניצען פֿון לאַנד, ווייל ניט דער שטח פֿון לאַנד שפּיעלט דאָ אַ ראָלע, נאָר די קוועלען פֿון ירדן און די בערג קוועלען, וועלכע פֿליעסען פֿון חרמון און לבנון אין דעם טייך ליטאַניע. די פֿראַגע פֿון די ריכטיגע אויסנוצונג פֿון ארץ ישראל וואַסער האָט פֿאַר אונז ניט קיין קלענערע בעדייטונג, ווי די קוילען מינען פֿאַר ענגלאַנד, אָדער ווי די נאַפֿט קוועלען פֿון פּענסילוואַניע פֿאַר אַמעריקאַ. דאָס איז אונזער הויפּט רייכטהום און דער קוואַל פֿאַר אַגריקולטור און אַלערליי אינדוסטריען, וועלכע מיר ווילען ענטוויקלען אין ארץ ישראל.

אַגראָנאָם סאָסקין ווייזט אַ כאַראַקטעריסטישען ביישפּיעל וועגען דער גרויסער וויכטיגקייט פֿון בעוואַסערונג. אויף די קאַנאַרישע אינזלען קאָסט אַן אַקער אונבעוואַסערט לאַנד (אַן ערך פֿון 4 דונאַם) פֿון 7 ביז 17 פֿונט, ווערענד אַן אַקער בעוואַסערט לאַנד קאָסט

200 פֿונט, ד.ה. מעהר ווי 20 מאָל אַזוי פֿיעל ווי אונבעוואַסערטעס. דורך דער בעוואַסערונג זיינען וואונדער געשעהן. שטיקער זאַמדיגע מדבריות זיינען אין פֿרוכטבאַרע פֿעלדער פֿערוואַנדעלט געוואָרען, וועלכע האָבען געבראַכט אַ טובה פֿאַר׳ן לאַנד און פֿאַר דער גאַנ־צער וועלט.

די גרויסע וואַסערמענגען פֿון ליטאַניע, ירדן, ירמוק, יבוק און איבעריגע טייכען קענען פֿערוואַנדלען דעם גרעסטען טהייל פֿון ארץ ישראל אין אַ גאָרטען לאַנד, מיט די רייכסטע פֿלאַנצונגען. ארץ ישראל קען ליפֿערען די טייערסטע און איידעלסטע פֿרוכטען — אַפּעלסינען, באַנאַנעס, צוקערראָהר, בוימוואָל, דאַטעלען א. ד. ג.

די זעהר גינסטיגע לאַגע פֿון ארץ ישראל, וועלכע גיט די מעגליכקייט כמעט פֿון יעדען פונקט לאַנד אָפּליפֿערען סחורות אין עטליכע שעה דורך דו באַהנען צו די האַפֿענס, זיכערט אַ לייכטען אָבזאַץ ווען דער פֿאַרקעהר וועט ווידער ווערען נאָרמאַל.

ניט נאָר איז נויטיג די אויסנוצונג פֿון די טייכען, נאָר אויך די ריכטיגע פֿאַרטהיילונג פֿון רעגען־וואַסער, וועלכער פֿאַלט גאַנץ גענוג אין ארץ ישראל. דאָס רעגען וואַסער מוז פֿאַרטהיילט ווערען אויך פֿאַר די 7 רעגענלאָזע חדשים און זאָרגען, אַז עס זאָל ניט נוצלאָז אַוועקגעהן אין ים. פֿון דער אַנדערער זייט דאַרף מען זעהען, אַז די בלאָטיגע ערטער, וועלכע זיינען איצט נאָר אַ קללה און בריינגען געלען פֿיבער, מאַלאַריע און אַנדערע קראַנקהייטען, זאָלען אויסגעטריקענט אָדער קאַנאַליזירט ווערען און דורכדעם וועלען גאַנץ בעדייטענדע שטרעקען לאַנד פֿערוואַנדעלט ווערען אין פֿרוכט־באַרער ווירטשאַפֿטס לאַנד.

דאָס אַלץ פֿערלאַנגט אַ גרויסע, גוט באַרעכענטע וואַסערווירט־שאַפֿט איבערן גאַנצען לאַנד און דאָס קען נאָר אַ נאַציאָנאַלע אונטערנעהמונג זיין.

און דערצו קומט די בענוצונג פֿון די וואַסערען פֿון ירדן, ליטאַניע אַלס קוואַל פֿון קראַפֿט.

די וואַסער קראַפֿט אין ארץ ישראל — דאָס איז פֿאַר אונז „ווייסע קוילען", אָהן וועלכע מיר וועלען זיך ניט קענען ריהרען. אַלע אונטערנעהמונגען זיינען איינג פֿאַרבונדען מיט דער וואַסער־פֿראַגע. דעריבער איז עס פֿון העכסטער וויכטיגקייט פֿאַר דער

נאַציאָן, אַז דיזע ריזיגע אונטערנעהמונג זאָל זיין אַ נאַציאָנאַלע ווירטשאַפֿט, אָדער וויינינגסטענס זאָל געמאַכט ווערען פֿון געזעלשאַפֿטען, אין וועלכע דער גרעסטער טהייל פֿון קאַפּיטאַל איז אַ נאַציאָנאַלער און דאַדורך געזיכערט. דאָס אַלעס ווערט געפֿיהרט ווערען לויט ווי די אינטערעסען פֿון גאַנצען לאַנד פֿערלאַנגען.

לויט דר. רופּין'ס חשבון דאַרף די בעוואַסערונג פֿון ארץ ישראל (צוזאַמען מיט דער ענטוואַסערונג פֿון די זומפּען און מיט שאַפֿען דורך וואַסער־קראַפֿט עלעקטרישע־קראַפֿט) באַטרעפֿען אַנ'ערך פֿון 1,200,000 פֿונט. אַנדערע פֿאַכלייט שאַצען עס טייערער — אַנ'ערך פֿון 7 ביז 9 מיליאָן פֿונט. דאָס זיינען פֿאַר־מלחמה קאָסטען. איצט דאַרף עס באַטרעפֿען אַנ'ערך פֿון 15 מיליאָן פֿונט.

### האַפֿענס און באַהנען.

נאָך דער וואַסער־פֿראַגע קומט די פֿראַגע וועגען בויען האַפֿענס. צוערשט געהט חיפה, וועלכע האָט אַ גלענצענדע געאָגראַפֿישע לאַגע. צוליעב דעם טיעפֿען ים-שניט צווישען חיפה און עכו, קען דאָרט געשאַפֿען ווערען איינער פֿון די בעקוועמליכסטע און זיכערסטע האַפֿענס פֿון ים התיכון. חיפה'ס האַפֿען איז אַ נאַטירליכער און נויטיגט זיך ניט אין קיין קינסטליכע אַרבייט. פֿון דאָרט קען מען האָבען דעם בעסטען פֿאַרקעהר מיט סיריען. פֿון חיפה געהט די באַהן-פֿערבינדונג מיט דמשק, מיט דער העדזשאַס-באַהן, וועלכע פֿאַראייניגט דמשק מיט גאַנץ אַראַביע. חיפה וועט אויך זיין דער נאַטירליכער אויסגאַנגס-פּונקט פֿאַר די באַהנען, וועלכע פֿאַרבינדען מצרים און ארץ-ישראל מיט מעסאָפּאָטאָמיע, און וועט שאַפֿען די קירצסטע און שנעלסטע פֿאַרבינדונג מיט אינדיע.

נאָך חיפה קומט יפו. דער האַפֿען פֿון יפו מוז אין גאַנצען קינסטליך געשאַפֿען ווערען. יפו איז דער צענטער פֿון אַ גאַנצער רייהע אידישע קאָלאָניעס, וועלכע ליפֿערען שוין אַסך עקספּאָרט פּראָדוקטען און איז דער נאָהענסטער האַפֿען פֿאַר ירושלים. ביידע האַפֿענס זיינען אַלזאָ פֿון דער גרעסטער וויכטיגקייט פֿאַר דער ענטוויקלונג פֿון ארץ ישראל.

אויסערדעם איז אויך נויטיג צו פֿאַרבעסערען די האַפֿענס פֿון קלענערע ערטער, וועלכע זיינען דאָך גאַנץ וויכטיג פֿאַר ארץ־

ישראל. דאָס זיינען די האַפענס פון עזה, עכו און קסריה. אפשר שפעטער, ווען דער דרום וועט זיך ענטוויקלען, וועט מען אויך דאַרפען אַריינלייגען אַרבייט אין אָקאַבאַ, ביים רויטען ים. דיעזער האַפען איז שוין געווען בעקאַנט אין שלמה המלך׳ס צייטען.

דר. רופין האָט אויסגערעכענט, אַז אויפבויען די האַפענס דאַרפען אָפקאָסטען אַ סומע פון 1,600,000 פונט. אַנדערע עקס־פערטען מיינען, אַז דאָס דאַרף קאָסטען צוויי מאָל אַזוי פיעל.

פאַר אַ לאַנד ווי ארץ-ישראל, וועלכע איז שטאַרק אָנגעוויזען אויף עקספאָרט, איז די שאַפונג פון אַ נעץ פון אייזענבאַהנען אויך איינע פון די לעבענס פראַגען. ארץ-ישראל איז אין דער צייט פון דער מלחמה און נאָך דער מלחמה רייכער געוואָרען מיט אַ רייהע פון אייזענבאַהן ליניעס, אָבער זיי זיינען שלעכט געבויעט און שלעכט פאַרבונדען. מען מוז זיי בעסער פאַרבינדען, מען מוז נייע בויען, שאַפען מעהר לאָקאָמאַטיווען, וואַגאָנען, סטאַנציעס און אַנדערע בנינים. ווען מען האָט די נייע ליניעס געבויעט, האָט מען זיך גערעכענט מיט דער מיליטערישער נויטווענדיגקייט, איצט אָבער מוז מען זיך רעכענען מיט דעם עקאָנאָמישען צושטאַנד. מען מוז תיכף נייע ליניעס לייגען כדי צו פאַרבינדען דאָס גאַנצע לאַנד.

לויט דעם חשבון פון עקספערטען דאַרף עס באַטרעפען ביז 3,000,000 פונט.

### וואַסערלייטונג און קאָלאָניזאַציע.

כדי צו שאַפען אַ געזונטע ארץ-ישראל מוז מען זעהען באַ־זאָרגען די ארץ-ישראל שטעדט מיט גוטע טרינק וואַסער. גוט איינ־געריכטעטע וואַסערלייטונגען זיינען אַ לעבענס-פראַגע פאַר ירושלים, יפו און חיפה. די שטעדט דאַרפען אויך בעזאָרגט ווערען מיט עלעקטרישע בעלייכטונג. דאָס דאַרף ווידער איינשלינגען הונדערטער טויזענדער פונטען.

### בעוואַלדונג.

אַ וויכטיגע נויטווענדיגקייט איז די בעוואַלדונג פון ארץ־ישראל. דורך דער מיסווירטשאַפט פון טערקיי איז דאָס לאַנד כמעט אָהן וועלדער געבליבען און דאָס האָט שלעכט געווירקט אפילו

אייף'ן קלימאַט. אין ישראל מוז האָבען אַסך בוימער, װאָס צוליעב פֿאַרבעסערען דעם קלימאַט און אויך צוליעב געברויך. דאָס קען מען שנעל ענטוויקלען. די פלעצער, וועלכע וועלען צוליעב פֿאַרשיעדענע טעמים ניט באַנוצט ווערען פֿאַר געטריידע, פֿלאַנצונגען און געמיזע־ווירטשאַפֿטען דאַרפֿען בעוואַלדיגט ווערען. שטיינינגע בערג און זאַמדיגע פלעצער ביים ים און די זומפען דאַרפֿען פֿערוואַנדעלט ווערען אין וועלדער. אין 15 אָדער 20 יאָהר אַרום קענען מיר האָבען גרויסע שטרעקען באַזעצט מיט איקאָליפּטוסען, סאָסנעס, צעדערען א. ז. וו.

דיזע אונטערנעהמונג מוז געמאַכט ווערען אין אַ גרויסען מאַסשטאַב מיט אַ ריכטיגער סיסטעם און דאַרף אויך אָפּקאָסטען אַ גאַנץ היבשע סומע געלד.

מיר האָבען אויסגערעכענט בלויז עטליכע צווייגען פֿון נאַציאָנאַלער ווירטשאַפֿט. דאָס צעטעל איז נאָך גאַנץ ווייט פֿון פֿאָל־קאָמענהייט. מיר האָבען דאָ געוואָלט אָנווייזען אויף מאַנכע פֿון די וויכטיגסטע נויטווענדיגקייטען. איצט קומט אַ רייהע קולטורעלע בעדערפֿנישען.

שולען און הויכשולען.

מיט יעדע טויזענד אימיגראַנטען קומען צו 250 קינדער, וואָס מוזען האָבען אַ שולע. ווען מיר זאָלען רעכענען אויף אַ מעסיגע איינוואַנדערונג פֿון 50 טויזענד אַ יאָהר, מוזען מיר שאַפֿען נייע הונדערט שולען יעהרליך. דאָס אַליין איז אַ ריזיגע אויפֿגאַבע. מ'מוז ניט נאָר ריזיגע סומען געלד דערצו, נאָר אַ גרעסערע אויפֿגאַבע צו אויסבילדען יעהרליך נייע 300 העברעישע לעהרער. דערצו איז נויטיג שאַפֿען 10 לעהרער סעמינאַריעס. דאַן קומט די העב־רעאישע אוניווערזיטעט, אַ נאַציאָנאַלע ביבליאָטעק, אַ נאַציאָנאַלער מוזעאום, אַ קונסט אַקאַדעמיע, פֿערזוכסטאַציאָנען פֿאַר לאַנדווירטשאַפֿט און אינדוסטריע און אַנדערע אינסטיטוציעס, וועלכע יעדע קולטורעלע נאַציע בעזיצט.

דאָס אַלעס פֿאָדערט פֿיעל געלד, וועלכע עס איז שווער פֿאָראויס אויסצורעכענען. אַלענפֿאַלס דאַרף מען דערויף אַ ריזיגע סומע.

**אויסוואַנדערונג.**

כדי דער פּראָצעס פון אויסוואַנדערונג פון די גלות לענדער זאָל אָנגעהן אין אָרדנונג, מוז מען באַלד עפענען אַ רייהע פון עמיגראַציאָנס ביוראָ'ס אין די הויפּט צענטערן פון די אויסוואַנ־דערונגס לענדער. שוין איצט זיינען פאַרהאַן אַזעלכע ביוראָ'ס אין וויען, טריעסט און קאָנסטאַנטינאָפּעל. די צאָהל מוז אָבער היבש פאַרגרעסערט ווערען. מ'מוז איינאָרדנען ביוראָ'ס אין אַדעסאַ, וואַר־שאָ, בוקאַרעסט, ווילנאַ, ניו־יאָרק, לאָנדאָן און אין אַנדערע גרויסע אידישע צענטערן. מ'מוז שאַפען אַ גאַנצע רייהע פון אינסטיטוציעס אין ארץ ישראל גופא, כדי אויפצונעהמען די אָנגעקומענע. אין יפו, חיפה און ירושלים מוזען זיין ניט נאָר אויסוואַדערונגס־ביוראָ'ס, נאָר אויך אימיגראַנטען הייזער, וואו די אָנגעקומענע זאָלען באַלד, ווי זיי געהען אַראָפּ פון שיף, האָבען אַן אָרט צו פערבלייבען די ערשטע צייט. עס מוז געשאַפען ווערען אַ צענטראַל איינוואַנדערונגס אַמט אין ארץ ישראל צו איינאָרדנען די גרויסע עליה השלישית. בעזונדערס איז שווער די אויפגאַבע אין איצטיגער צייט, ווען דער מצב אין פערשיעדענע לענדער איז אַזוי שווער און אָפט קומען דאָרט פאָר גאַנץ אונערוואַרטעטע ענדערונגען. ס'איז זעהר אַ שווערע אויפ־גאַבע צו העלפען יעדען עמיגראַנט אַרויספיהרען זיינע זאַבען אז דאָס ביסעל בעל־הבתיש'קייט וואָס יעדע אידישע פאַמיליע פאַרמאָגט אָהן וועלכער ער קען אין ארץ ישראל ניט אויסקומען, ווי קליידער, געשיער, בעט־געוואַנט א. ז. וו.

ווען אפילו נאָר 5 פונט זיינען נויטיג אויף אַ נפש, וואָס וועט אימיגרירען קיין ארץ ישראל, איז ביי דער יעהרליכער אויסוואַנדע־רונג פון 50 טויזענד נפשות נויטיג אַ סומע פון 250,000 פונט אַ יאָהר.

**די ערשטע 25 מיליאָן פונט.**

געוויינליך דעקט אַ לאַנד זיינע הוצאות פון זיינע הכנסות און אין דער צוקונפט, ווען די ערשטע מיליאָן אידען וועלען שוין אַריין אין ארץ־ישראל און ווען די אידישע נאַציאָנאַלע היים וועט זיך אומוואַנדלען אין אַ אידישען שטאַאַט און אין אַ נאָרמאַל עקזיסטי־רענדעס לאַנד, דאַן וועט ארץ־ישראל קענען זיך ענטוויקלען און

בליהען אויפ׳ן חשבון פון איהר אייגענער באַפעלקערונג. איצט אָבער איז ארץ ישראל כמעט נאָך ליידיג פון אידען און דאָס לאַנד איז בעשטימט פאַר אונז ניט אַזוי צוליעב דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע לעבט איצט דאָרט, נאָר הויפטזעכליך צוליעב דעם גאַנצען אידישען פאָלק, וועלכעס לעבט אויסערהאַלב ארץ-ישראל און עס ליגט דעריבער די פעראַנטוואָרטליכקייט אויף אַלע אידען אין אַלע גלות לענדער ניט נאָר איבערצונעהמען דאָס רעכט אויף ארץ-ישראל, נאָר אויך די אחריות און פליכטען, וועלכע זיינען מיט דיעזע רעכט פאַרבונדען. עס איז קלאָר, אַז דאָס אידישע פאָלק, וואָס לעבט אויסער א"י מוז שאַפען די מיטלען פאַר׳ן אויפבוי פון לאַנד. יעדער פון אונז פאַרשטעהט, אַז די 70,000 אידען אין לאַנד קענען כמעט גאָרניט אויפטהון אין דיעזער הינזיכט.

25,000,000 פונט זיינען איצט נויטיג פאַר׳ן אָנהויב. דיעזע סומע איז דער גרונדשטיין פון אָנהויבען בויען. וועלען מיר דיעזע סומע האָבען אין 5 יאָהר צייט, דאַן קען מען אָנהויבען מיט אַן איינוואַנדערונג פון 50 ביז 60 טויזענד אידען יעהרליך. וועט מען אָבער די סומע קריגען ערשט אין 10 יאָהר צייט, דאַן וועט די איינוואַנדערונג מוזען זיין אַ פיעל קלענערע.

דאָס אידישע פאָלק מוז עהרליך און קלאָר וויסען, אַז עס מיינט ערענסט צו פערוואַנדלען ארץ-ישראל אין אַ נאַציאָנאַלער היים און דאָס קען מען וויסען, ווען מען וועט געבען די נויטיגע מיטלען דערצו, כדי מיר זאָלען אין אַ קורצע צייט זיין אימשטאַנד צו איבערפיהרען קיין ארץ ישראל הונדערטער טויזענדער אידען, וועלכע זאָלען אָנהויבען אַרבייטען אין פעלד און אין גאָרטען, אין ווערק־שטאַט און פאַבריק און אין פערשיעדענע גרויסע און קליינע אונ־טערנעהמונגען אין מסחר ווי אויך אין די שולען, פערוואַלטונגען א. ז. וו.

מיט איין וואָרט — דער בודזשעט איז אַ ריזיגער. צו וואָס מ׳זאָל זיך ניט נעהמען מוז מען האָבען מיליאָנען, אַסך מיליאָנען. די איינציגע האָפנונג איז, אַז דאָס וועט דעם אידישען פאָלק ניט אָפשרעקען. צו שווער און ביטער זיינען די נסיונות אין גלות, אַז די אידען זאָלען ניט איינזעהען, אַז ס׳איז אַ לעבענס פראַגע, אַז דאָ האַנדעלט זיך פשוט וועגען קיום פון פאָלק.

ס׳איז קיין ספק ניט, אז די נויטיגע גייסטיגע און פיזישע כחות

פֿאַרן אויפֿבוי פֿון ארץ ישראל זיינען ביי אונז פֿאַראַן גענוג. מ׳דאַרף זיי נור מאָביליזירען צו דער גרויסער פֿריעדליכער און הייליגער אַרבייט, און ס׳איז אויך קיין ספק ניט, אַז אונזער פֿאָלק פֿאַרמאָגט אויך די מאַטעריעלע מיטלען דערצו און וועט זיי מיט שמחה צו שטעלען. אונזער חוב אין דער איצטיגער גרויסער שעה איז צו בעווייזען אחדות און אין דער היסטאָרישער אויפֿגאַבע טאָר ניט זיין קיין אונטערשיעד פֿון פאַרטייען, ריכטונגען, קלאַסען — אַלע מוזען זיך פֿאַראייניגען, אַלע מוזען בריינגען זייער הילף צו׳ם בנין פֿון אידישען לאַנד. אַלע דאַרפֿען מיט אַ פֿרעהליך האַרץ בריינגען זייערע קרבנות פֿאַר׳ן פֿאָלק און פֿאַר׳ן לאַנד.